Rok I. Żydowska Gazeta Robotnicza. Organ partyi socyalno-demokratycznej. Nr. 32.

די אדרעסע פֿון דער רעדאַקציע
און אַדמיניסטראַציע :
Jüdische Arbeiter Zeitung
Kraków,
Sławkowska 29.

טעלעפֿאָן נומער 624

איינצעלנע נומער 8 העל.

יודישע

# ארבייטער-צייטונג

ארגאַן פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

ערשיינט יעדען פֿרייטאג.

אבאָנאמענטס-פּרייז :
יעהרליך : 4. קראָנען.
האלביעהרליך : 2. קראָנען.
פיערטעליעהרליך: 1. קראָנע.

פּרייז פֿון אַנאָנסען :
פֿיר יעדער שורה פּעטיט אָדער
איהר פּלאַטץ 10 העללער.

Kraków, piątek 10 listopada 1905. נומר 32. קראָקוי, 10 נאָיועמבער 1905.

## גענאָססען, קלויבט אויפ'ן פרעספאָנד !

# דער אלגעמיין-עסטרייכישער סאָצ. דעמאָקראַטישער פאַרטיי-טאָג

# צום פּראָלעטאריאט פֿון אלע נאַציאָנען אין עסטרייך!

דער צאַראַט האָט זיך געבויגט פֿאַר די רעוואָלוציאָן. די פֿעלקער פֿון רוסלאַנד האָבען בעזיעגט די דעספּאָטיע. די פֿרייהייט לייכט שוין אין רוסלאַנד!

דער צאַר האָט זיך ערקלערט פֿיר דאָס אלגעמיינע וואַהל-רעכט. רוסלאַנד האָט איבערגעיאָגט עסטרייך.

אבער אויך דער „אונגאַרישער קעניג" האָט ארויסגעשטעלט אין זיין פּראָגראַם דאָס אַלגעמיינע וואַהל-רעכט.

אזוי ערנאָך שטעהען די פֿעלקער פֿון עסטרייך אין דער מיטען, צווישען דאָס שוין אויסגעקעמפֿטע וואַהל-רעכט אין רוסלאַנד און דאָס צוגעזאָגטע אלגעמיינע וואַהל-רעכט אין אונגאַרן פֿון איין זייט און צווישען דעם אלגעמיינעם וואַהל-רעכט אין דייטשלאַנד פֿון דער אַנדערער זייט, בעלאַסטעט מיט א פּאַרלאַמענט, וועלכער איז געבויט אויף די שענדליכע יסודות פֿון קוריעס, אויף יסודות פֿון פּאָליטישער אונגערעכטינקייט.

דיעזען צושטאַנד איז אונמעגליך לעננער צו דולדען. און מיר פֿרעגען : צו דאס אַרבייטער-פֿאָלק אין עסטרייך איז וויינינער ווערטה ווי דאס פּראָלעטאַריאַט פֿון רוסלאַנד און אונגאַרן ? צו דאַרף ווייטער בלייבען די ביטערע עולה, וועלכע דריקט שוין זייט אַכט און דרייסיג יאָהר די פֿעלקער פֿון עסטרייך ? צו ווען מיר ווייטער זיין צו שפּאָט שוין ניט נור ביי די פֿעלקער פֿון מעריב נור אויך ביי די פֿעלקער פֿון מזרח ? צו האָבען מיר ניט אין זיך אַזוי פֿיעל מאַכט, כדי דעם רוף נאָך רעכט, וועלכען מיר האָבען זייט צעהנדלינער יאָהר אויף נעהויבען, ענדליך בע-קערפערן אין די ווירקליכקייט ? צו זאָלען מיר ווייטער אַריבער-טראָגען די העזה פֿון די פֿעררינקטע שטאַטטענער און פֿון די הילפֿלאָזע פֿיהרער פֿון דער אומגעלומפערטער בורזשואַזיע ?

ניין, פּראָלעטאַריאַט אין עסטרייך, דיין געדולד האָט זיך געענדיגט ! מיר ווילען שוין ניט הערען פֿון קיינערליי פּוסטע הבטחות, פֿון קיין ווארטען. מיר פֿאָדערן, מען זאָל אונז ווי אַם נעשווינדסטען געבען אונזער פּרימיטיווסטעם רעכט. מיר ווילען, מען זאָל אונז אַנערקענען אַלס גלייכבערעכטיגטע שטאַאַטס בירגער. דער קוריען משלחת דאַרף שוין קיין נייעם פּאַרלאַמענט ניט געבוירען.

מיר פֿאָדערן דאָס אַלגעמיינע, גלייכע און דירעקטע וואַהל-רעכט פֿון דער רעגירונג און פֿון פּאַרלאַמענט. מיר פֿאָדערן עס אַלס אונזער רעכט און אַלס די לעבענס נויטווענדינקייט פֿאַר עסטרייך און פֿאַר איהר גייסטליכען אוןווירטשאַפֿטליכען פֿאָרשריט.

אַרבייטער פֿאָלק ! אין דעם גרויסען היסטאָרישען מאָ-מענט, וועלכען מיר לעבען איצט דורך, ערעפֿענען מיר אויפֿסנייע דעם קאַמפֿף אום דאס אַלגעמיינע, גלייכע און דירעקטע וואַהל-רעכט. מיר זענען ענטשלאָסען צו קעמפֿפֿען מיט די הילף פֿון דעם מאַססען-סטרייק, מיט די הילף פֿון די אויסערסטע מיטלען.

אָבער מיר ווענדען זיך אויך צו אונזערע געגנער. מיר דע-מאַהנען די קלינערע צווישען זיי, מיר וואָרענען די ניט פֿער-שטענדיגע, און די געגנער וואָס טהוען להכעיס קינדיגען מיר אָן א אונערביטערליכען קריעג.

אַרבייטער פֿאָלק ! שטעה אויף צום קאַמפֿף ! צום קאַמפֿף, וועלכער וועט זיך ניט ענדיגען, ביז מיר וועלען נוט זיעגען דאָס אלגעמיינע, גלייכע און דירעקטע וואַהל-רעכט.

## דער אלגעמיין עסטרייכישער פאַרטיי-טאַג

## פֿון דער סאָצ. דעמ. פּאַרטיי אין עסטרייך.

ווינן דעם 1-טען נאָוועמבער.

רענירונג דער־מיט? זי האָפּט, אַז די קריטישע צייט וועט אין ניכען אריבער. צו דער רוסישער רעוואָלוציאָן וועט זיך דער עולם אַ ביסעל צונעוויינען, דערביי קען נאָך דאָרט קומען אַ רעאַקציאָן, אין אונגאַרן קען נאָך קומען צו אַ שלום מיט דער קאַאַליציאָן, דאַן וועט דאָס אַלנעמיינע וואַהל־רעכט ווערען איבעריג. און טאַקע דעריבער טאָרען מיר ניט וואַרטען. מיר מוזען אויסנוטצען דעם מאָמענט, די רעוואָלוציאָנערע שטימונג, די גוטע נעלענענהייט און די פערלענענהייט פון דער רענירונג כדי ווי אם געשווינדסטען דערגרייכען צו אונזער ציעל: צום אַלנעמיינעם און גלייכען וואַהל־רעכט.

נור מיר, אַרבייטער אין גאַליציען, האָבען אונזער ספּעציעלען — און מען מוז צוגעבען זעהר שווערען — קאַמפּף: מיט אונזערע אדעליגע. די גאַליציאַנער שלאַכטאַ. דאָס איז די איינציגע קלאַסע אין עסטרייך, פאַר וועלכער דאָס אַלגעמיינע וואַהל רעכט איז אַנ׳אומגליק. ווייל נור אַ דאַנק דעם קוריען־סיסטעם האַלט זיך די שלאַכטאַ ביי די רענירונג, דערלאָזט ניט די אינדוסטריע זאָל זיך ענטוויקלען, כדי דער אַרבייטער אויף׳ן דאָרף זאָל חלילה דורך דעם ניט ווערען אַ ביסעל טייערער. נור אַ דאַנק דעם קוריען־סיסטעם איז עס מעגליך, אַז פּוילישע שלאַכציצען קאַנדידירען און ווערען אויסגעוועהלט אין ריין רוטהעניש בעצירקען. ביי דעם אַלגעמיינעם וואַהל רעכט אָבער וועלען זיי איינפאַך פערשווינדען פון דער פּאָליטישער ארענא. דעריבער וועלען זיי קעמפּפען מיט אַלע מיטלען, און ווען אונז וועט נעלונגען צו בעקומען דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט אין פּאַרלאַמענט. וועלען זיי אַנווענדען אַלע כחות איינצוהאַלטען די לעצטע פעסטונג פון פּריווילעגיען: דעם סעים. אָבער מיר מוזען אויך די פעסטונג איינגעהמען; עס איז פאַר אונז גאָר איינפאַך אַ לעבענס פראַגע. איצט לעבען מיר ניט, מיר שטיקען זיך, מיר פּוילען אין גאַליציען. די אינדוסטריע ליענט נאָך אַלץ אין די וויקעלעך, קראַנק, דערשלאָגען, ספּעציעל מיר יודען ליידען פון דעם. אונזערע קליינבירגער פּראָלעטאַריזירען זיך, ווערען אָן זייער לעטצטען פערמעגען. ווייל זיי קענען אָבער ניט געפינען קיין בעשעפטיגונג, ווייל אויף יעדער מלאכה זענען דאָ הונדערט הענד, ווערען זיי בעטלער, שנאָרער. אַזויערנאָך וואַקסט די צאָהל פון די בעטלער ביי די יודען אין גאַליציאָן אונגעהייער ראַש. פון דער צווייטער זייט צווינגט עס די מעהר פעהיגע און פלינקע אַרבייטער צו עמיגרירען מעבר לים. עס בלייבען נור די וואָס קענען שוין ניט ארויספאָהרען. וועהרענד פאַר די פּוילישע און רוטהענישע אַרבייטער איז דאָס דאָרף אַ עיר מקלט, וואָס איז זיי מציל פון בעטלעריי און שנאָרעריי, ווייל דאָרט קען ער נאָך געפינען אַרבייט אין הויף פאַר וואָסער עס איז פּרייז, האָט דער יודישער אַרבייטער דאָס אויך ניט. אין שטאָדט קען מען מיט קיין 10־15 קרייצער אַ טאָג ניט אויסלעבען און דערביי קען מען עס אויך ניט אַלע מאָל געפינען. מיר מוזען דעריבער אַנווענדען אונזער גאַנצע ענערגיע און שטורמען אַזוי לאַנג די פעסטונג פון פעאָדאַליזמוס ביז זי וועט ניט איינפאַלען אויף די קעפּ פון די פעאָדאַלען.

---

# דער אלגעמיין־עסטרייכישער סאָצ. דעמאָקראַטישער פּאַרטיי טאָג.

(פאָרטזעצונג).

אום 10 אוהר פאַרמיטאָג איז אין דער גרויסער זאַל פון אַרבייטער היים געעפענט געוואָרען דער ערשטער פערהאַנדלונגס טאָג. דעם פּאָרזיטץ האָבען געפיהרט גענ. טאַמשיק און גענ. נעמעץ. בעגריסונגס רעדען האָבען געהאַלטען גענ. מ א ל ק ע נ ב ו ה ר, דער דעלעגאַט פון דער דייטשער סאָצ. דעמאָקראַטיע, גענ. ב ו כ י נ ג ע ר, פון דער אונגאַרישער סאָצ. דעמ. און גענ. ו ו ר א נ ס ק י, פון דער פּוילישער סאָצ. פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.). דער קאָנגרעס האָט בעגעגענט די בעגריסונגס רעדען, בעזונדערס די לעצטע צוויי צוליעב זייער אַקטואַליטעט מיט גרויסע בעגייסטערונג. מיר וועלען בריינגען עטליכע זאַטץ פון גענ. וורָאנסקי׳ס רעדע: איך קום פון לאַנד פון קנעכטונג. פון דעם לאַנד, וואו דער קאָזאַק בילדעט אַ טהייל פון דער פּראָדוקציאָן ווי קויהלען און דאַמפּף, וואו אַרבייטער הרינית זייגען אַ שטענדיגע שטאַאטסאינסטיטוציאָן, פון דעם לאַנד קום איך אין אייער ווי וועניג פרייעס לאַנד, כדי אייך אונזערע הערצליכע ווינשען צו ברענגען, די ווינשען פון פּוילישען און יודישען פּראָלעטאַריאַט אין רוסיש פּוילען. איך ערקלער אייך, אַז מיר פערפאַלגען דעם הלדעלמוטיגען קאַמפּף וועלכען איהר פיהרט פיר דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט. ווייל מיר זענען איבערציינגט, אַז דאָס וואָס איהר האָט אַנגעפאַנגען איז ניט נור אייער זאַך, נור אויך אונזער זאַך. ווען עס וועט אייך

---

נענער חלום, עס האָט זיך איהם געחלומ׳ט, אַז סאָלדאַטען זענען געקומען נאָך די פעראורטהיילטע.

אַ שטילקייט הערשט אויפסניי אין אונזער צעלע, אָבער אין דער שטילער נאַכט וויפיעל שמערצען און שרעק איז געווען!

* * *

וואוינענדיג אין איין צעלע מיט באָרדאָווסקי׳ן, האָבען מיר אָפט גערעדט וועגען צוקינפטס פּלאַנען, די האָפנונג פון אַנטלויפען האָט איהם נישט פערלאָזען.

ער האָט זיך נישט געפיהלט פעהיג צו אָרגאַניזאַציאָנאַלע אַרבייט. ער האָט געהאַט בדעה צו פאָהרען נאָך אויסלאַנד און דאָרט אָפּגעבען זיך מיט סאָציאַלע וויסענשאַפט און מיט רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור. אָהנע צווייפעל וואָלט ער קענען פערנעמען אויף דעם קאַמפפס פעלד אַ טהעטיגען פּאָסטען.

ווי עס איז בעוואוסט פון די שליעדסטוועס, א׳ז ער נישט געוועזען קיין מיטגליעד פון דער פּאַרטיי "פּראָלעטאַריאַט" יעדאָך האָט ער סימפּאַטיזירט און האָט זעהר וויכטיגע לייסטונגען געגעבען אונזער פּאַרטיי.

מיין ערשטע בעקאַנטשאַפט מיט איהם און מיט זיין פרוי איז געווען די ערשטע טעג, וואָס איך בין געקומען נאָך וואַרשא, עס איז געווען באַלד נאָך דער אַרעסטירען פון לודוויג וואַרינסקי. ווי הערצליך, מיט וואָס פאַר אַ רחמנות געפיהל האָבען די באָרדאָווסקי׳ס גערעדט וועגען דעם אַרעסט, וועלכער איז געווען אַ אונערזעצליכער שאָדען פאַר די פּאַרטיי; מיר זענען אויך מיט גרויסען פאָרזיכט און גאָר בלויס אין פאַל פון אַ זעהר נעטהיגען נעברויך זענען מיר אריין נעגאַנגען צו זיי, ווען מען האָט מיר אָנגעהויבען נאָך צו שפּירען, האָב איך קיין איינמאָל נישט בעשלאָסען אריין צו נעהן צו זיי אין הויז.

ווען אַ יאָהר במעט נאָך מיין אַרעסט האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דער ריכטער באָרדאָווסקי מיט קוניצקין זענען אין ציטאַדעל, האָט עס מיר שמערצליך צוזאַמענגעפּרעסט דאָס האַרץ, איך האָב פערשטאַנען וואָס פאַר אַ קלאַפּ די פּאַרטיי האָט בעקומען.

באָרדאָווסקי׳ס פרוי איז אַראָפּ פון זינע; אין X פּאַוויליאָן, אויף דעם געריכט האָט זיך ארויסגעוויזען, וואָס די זשאַנדאַרען און די פּראָקוראַטאָריע האָבען געמאַכט מיט די נייסטיג קראַנקע פרוי, ווי זיי האָבען זי געמאַטערט, אום ביי איהר הערויס צו ציהען ערקלעהרונגען, וועלכע עס האָבען זיי געניצט.

אָבוואָהל פון דיעזע צייט אָן, וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבען דאָס געריכט איז געווען קלאָהר פאַר באָרדאָווסקין, אַז די זשאַנדאַרמען האָבען אַלעס מעגליכע געטהון, אום איהם הערויף צו ברענגען אויף די תליה; אָבוואָהל די אַדוואָקאַטען, ווי איך האָב שוין געזאָגט, האָבען זיך איבערציינגט נאָך פאַר דעם אָנפאַנג פון משפּט, אַז זיין שיקזאַל איז שוין בעשלאָסען — יעדאָך האָט ער מיט כעס אָפּגעוואָרפען די איהם פּראָפּאָנירטע אַנגעשריבענע ביטע וועגען בעגנאַדיגונג דורך איינעם פון די פערטהיידיגער.

ער האָט געזאָגט: "דאָס געריכט האָט גענוג דייטליך ערקלעהרט, אַז איך האָב נישט אַנגעהערט צו דער פּאַרטיי. פאַר דעם איבערטרעטען, וואָס איך בין בעגאַנגען, וואָלט נאָר אונגערעכטיגקייט מיך געקענט פעראורטהיילען אויף טויט. מיט פּונקט אַזאַ אונגערעכטיגקייט וועט בעשטעטיגט ווערען דעזער אורטהייל, איך זעה נישט קיין גרינדע, פאַר וועלכע איך זאָל מיך דאַרפען בעטריבען פאַר די אונגערעכטיגקייט, וועלכע שפּעט ציניש אָב די גערעכטיגקייט".

באָרדאָווסקי האָט איין פּונקט פון הערויסקומען געזעהן אין אַנטלויפען, די פאָרבערייטונגען זענען געווען צו דעם געמאַכט, מיר האָבען מיט אונגעדולד ערוואַרטעט די נאַכריכטען וועגען די אורטהיילען, אום צו צוטרעטען צו ערפילען אונזער פּלאַן.

פּעטער באָרדאָווסקי איז געווען איינער פון די פריעדענס ריכטער, וועלכע די רעגיערונג האָט בעשטימט נאָך וואַרשא. ער איז געווען איין אויסגעצייכענטער רעכטסקענער און אַ בקי אין נאַפּאָלעאָן׳ס קאָדעקס. אין פערשיעדענע רעכטס פראַגען האָט הורקא זיך געפרעגט ביי באָרדאָווסקין אום ראַטה. יעצט האָט דער אויסוואורף זיך נוקס געווען אָן זיין ראַטה־געבער, וועלכער האָט איינגעפיהרט צו איהם פערטרויאונג און וועלכער, זייענדיג אין פריינדשאַפט מיט די רעוואָלוציאָנערען, האָט ער געקענט זיי קאָמוניקירען פערשיעדענע נאַכריכטען, וועלכע ער האָט געהערט אין הורקעס שלאָסס.

מיט אַ ווילען פון ראַבע קען מען אַליין פאַלשטענדיג ערקלעהרען דעם

# א גינסטיגער מאָמענט.

זעלטען האָט וועלכע עס איז בעוועגונג דערגרייכט אַזאַ סוקצעס אין אַזאַ קורצע צייט ווי אונזער בעוועגונג פֿאַר דאס אַלגעמיינע, גלייכע און דירעקטע וואַהל־רעכט. מיר פֿאָדערן עס שוין ווי דער אמת גאַנץ לאַנג, אָבער פֿון דעם קאָנגרעס אָן איז די בעוועגונג אַריינגעטראָטען אין אַ נייע, פֿאַר אונז זעהר גינסטיגע פֿאַזע. ערשט אַכט מאָנ זייט מיר האָבען בעשלאָסען אויפֿ'ן קאָנגרעס דעם מאַססען סטרייק אַלס אַ מיטעל צו בעקומען דאָס וואַהל־רעכט; אין גאַנצען האָבען מיר זייט דאַן איין מאָל אין גאַנץ עסטרייך רעכט דעמאָנסטרירט און מיר האָבען שוין רעגירונגס קאָמוניקאַטען, וועלכע זאָגען אונז צו מיט זיסע ווי האָניג ווערטערלאַך. אַז די רעגירונג טראַכט שוין און בעשעפֿטינט זיך שוין מיט דעם אויסאַרבייטען פֿון אַ וואַהל רעפֿאָרם, די זעלבע רעגירונג, וואָס האָט נאָך מיט עטליכע וואָכען צופֿאַר געהאַלטען דאָס אַלגעמיינע און גלייכע וואַהל־רעכט פֿיר אַ פּאָליטישען אַ בסורד. און ווי געוועהנליך אין עסטרייך האָבען די בורזשואַזע צייטונגען אויך גלייך געמוישט זייערע מיינונגען איבער דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט. מיט יעדען מאָמענט זעהען מיר ווי גערעכט איז געוועזען גענ. אַדלער ווען ער האָט געזאָגט, אַז דער איצטיגער מאָמענט איז זעהר גינסטיג. צוליעב דריי אורזאַכען. די ערשטע איז נאַטירליך דער פֿאַקט, אַז דער אונגאַרישער קעניג האָט דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט אַריינגעשטעלט אין זיין פּראָגראַם. ווי באַלד אַלזאָ דאָס אונגאַרישע אַרבייטער פֿאָלק בעקומט גלייכע רעכט מיט די אונגאַרישע מאַגנאַטען און קאַפּיטאַליסטען וואָרום זאָל עס דאָס עסטרייכישע ניט קענען בעקומען? די אונגאַרישע מיניסטאַרען רעדען אויף פֿערזאַמלונגען באריכות איבער די עולה וואָס מען בענעהט נעגען דעם פֿאָלק ניט געבענדיג איהם קיין וואַהל־רעכט. וואָס עס איז אַנ'אונרעכט אין אונגאַרן איז אויך אַנ'אונרעכט אין עסטרייך. די רעגירונג ווייניגסטענס וועט זיך שוין נישט וואַגען אַרויסצוטרעטען ווי אַמאָל אונבעדינגט נעגען דאָס אַלגעמיינע און גלייכע וואַהל־רעכט. די צווייטע אורזאַכע איז אַ ריין עסטרייכישע. ערשט מיט עטליכע וואָכען צוריק האָט דאָס עסטרייכישע פּאַרלאַמענט בעשלאָסען מיט אַ גרויסע מעהרהייט אַנ'אַנטראַג פֿאַר דאַס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט. אַבגעאָרדענטע פֿון פֿערשיעדענע פּאַרטייען און קלובען האָבען געשטימט פֿאַר דעם אַנטראַג, ווייל זיי זענען געקומען צו דער איבערציינונג, אַז נור אַזאַ וואַהל־רעפֿאָרם וועט געזונד מאַכען דעם היינטיגען פּאַרלאַמענט, אַז נור אַ פּאַרלאַמענט מיט ווירקליך אויסגעוועהלטע אַבגעאָרדענטע וועט זיין אַרבייטס־פֿעהיג און פֿריי פֿון דער שאָוויניסטישע קרענק. די רעגירונג מוז זיך רעכנען מיט דער שטימע פֿון די פֿאַרשטעהער פֿון גאַנץ פֿעו־שיעדענע פּאַרטייען. נור די וויכטיגסטע אורזאַכע איז: די רוסישע רעוואָלוציאָן. אויף דעם שווינדעל פֿון צאַר, אויף זיין „קאָנסטיטוציאָן" מיט דער קאַריקאַטור — די בולינינישע דומא, האָבען די אַרבייטער אין רוסלאַנד געענטפֿערט מיט אַ גענעראַל־סטרייק, מיט אַ רעוואָלוציאָן, און דאָס האָט געהאַט אַ פּעולה. וואָס עס האָבען ניט געמאַכט די מפּלות אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן, די סטרייקען אין פֿיעל איינצעלנע שטעדט און לענדער, די אַטענטאַטען, האָט געווירקט דאָס אַלגעמיינע אַרויסטרעטען אין גאַנץ רוסלאַנד. פֿיהרען אַ מלחמה גלייכצייטיג מיט פֿיינד אין דער גאַנצער מלוכה, אין אַלע שטערט אין שטעדטלעך, דאָס איז געוועזען איבער די כחות אַפֿילו פֿון דער צאַ־ישער רעגירונג. דער רוסישער צאַר האָט קאַפּיטולירט. די בולינינישע דומא צוזאַמען מיט איהר שטיפֿטער זענען געגאַנגען לעזאזל, איהר אָרט וועט פֿערנעהמען אַ ווירקליכע געזעטצגעבערישע קערפּערשאַפֿט. אַט די קאַפּיטולאַציאָן פֿון צאַראַט האָט געמאַכט אַ ריעזיגען איינדרוק סיי אויף די אַרבייטער און סיי אויף דער רעגירונג. די אַרבייטער האָבען דערזעהען בעשיינפּערליך צו וואָס פֿאַר אַ קאָלאָסאַלען זיעג עס קען ברענגען דאָס סאָלידאַרישע אַרויסטרעטען פֿון דער אַרבייטער קלאַסע. די רעגירונג האָט געזעהן צו וואָס די עקשנות פֿון דער צאַרישער רעגירונג האָט איהר געבראַכט, זי האָט געזעהען ווי לייכט די אַרבייטער ווערען אָן זייער גלויבען אין די היילינע טהראָנען... די רוסישע רעוואָלוציאָן האָט געגעבען אַ גוטע לעקציאָן אי אונז אי אונזערע געגנער. אויפֿ'ן קאָנגרעס האָבען מיר דעריבער אַוועק געוואָרפֿען די פּוסטע וכוחים און בעשלאָסען דעם מאַססען סטרייק און נאָך'ן קאָנגרעס זיך גענומען צו רוסישע דעמאָנסטראַציעס. דער אַלטער דרך ארץ פֿאַר די פּאָליציי און פּאַראַגראַף איז פֿערשוואונדען. מיר האָבען גענומען רעדען רוסיש. אונזערע געגנער האָבען עס פֿערשטאַנען און ווילען אונז איינשלעפֿען מיט זיסע הבטחות. מיר האָבען נאָך קיינמאָל ניט געהערט אַזוי פֿיעל גוטע רעד ווי די וואָך. אָויסער די גאַליציאַנער פּרעסע געפֿינט איהר שוין קיין זכר ניט פֿון די אַמאָלינע טענות, אַז מיר זענען פּאָליטיש [illegible] וואַהל־רעכט איז [illegible] אין אונזע פֿאַנטאַזיע. מען בעט אונז נור, מיר זאָלען וואַרטען, וואָס [illegible] די

---

# פֿעליעטאָן.

ּoooo

מיעטשיסלאַוו מאַנקאַווסקי

## אונטער די תּלִיָה.

(זכרונות פֿון געפֿענגנים).

---

(.IV פֿאָרטזעצונג).

און זיי... האָבען אָפּגעגעבען זייער לעבען פֿאַר אַ קרבן און זענען געשטאָרבען — מאַרטירערענדע.

* * *

מיין געדאַנק איז פֿאַרוועריטס ווייט פֿערלאָפֿען, איך וועל מיך אומקעהרען צו די געדע:קטע טעג, ווען מיר האָבען נישט געוואוסט, וואָס עס ערוואַרטעט אונזערע פֿעראורטהיילטע.

יעדען מאָרגען האָט אונז געוועקט דער געדאַנק: מיט וואָס וועט זיך ענדיגע דער נייער טאָג?

אויפֿמערקזאַם האָבען מיר נאָכגעשפּירט די זשאַנדאַרמען, וואָס זענען אַדורך געגאַנגען דורך'ן קאָרידאָר, אָהער דורך'ן הויף. מיר האָבען זיך געסטאַרעט אַרויסצולעזען אין זייער בליק צו עס בעדייט נישט אויף עפּעס, אָבער אומזינסט, זייערע פּנים'ער האָבען גאָר נישט געזאָגט. מיר האָבען אויך ערוואַרטעט דאַמאָלס זיך צו זעהען מיט פֿאַמיליע, וועלכע מען האָט געגוג אָפֿט ערלויבט. אויף דעם זעהען זיך האָבען מיר געגוג נאָכגעפֿאָרשט די אויסדריקע פֿון די זשאַנדאַרמישע אָפֿיציערען, זייער יעדעס וואָרט און בעריהרונג, גאָר זיי האָבען גאָר נישט בעמערקט, זיי האָבען בלויס געקענט דערהע־ען צופֿעליג עפּעס אָפּגעריסענע ווערטער, און אונז מאַכען איין בעמערקונג. מיר האָבען אויפֿגע[illegible] די העלבע ווערטער, מיר האָבען זיי פֿערשטאַנען, אָבער דאָס אַלעס האָט נישט געקענט בעזייטיגען די פּאַרהאַנגען וואָס האָבען בעדעקט די צוקונפֿט פֿון אונזערע פֿעראורטהיילטע.

לעקציעס, שפּאַציערען, געשפּרעכען, לעזען, אַלעס דאָס געוועבט מיט שרעק וועגען דעם שיקזאַל פֿון די פֿעראורטהיילטע, האָט פֿערפֿולט דעם טאָג.

דער אָבענד איז אָנגעקומען, איך ווייס נישט פֿאַר וואָס עס איז עפּעס רוהיגער געוואָרען די אַטמאָספֿערע פֿון אונזער קאָרידאָר, מעגליך די נערווען זענען שטימפּיג געוואָרען פֿון דעם אָפּוואַרטען, און מעגליך עס האָט זיך עפּעס אויסגעוויזען, אַז חאָט'ש אין פֿערלויף פֿון די פּאָר שעה איז ווינציגער אויסזיכטען, אַז עס זאָל זיך הערען עפּעס שריט פֿון די זשאַנדאַרענס זייט. עס פֿערשטעהט זיך, אַז עס וואָלט נישט שאַדען, יעמאַנד זאָל בעמערקען עפּעס אַ פֿערדעכטיגעס שושקען זיך און ער וואָלט אָנהויבען אונטערהערען, אַלע זענען אָבער אָנגעשטאָרבען אין שווייגעניש און דער געדאַנק וועגען די פֿעראורטהיילטע האָט אויף אַ לאַנגע צייט בעטריבט אונזער רוהע.

צייטענווייז האָט פּאַסירט, אַז אין מיטען דער נאַכט הער איך פּלוצלינג אַ קלאַפּעריי פֿון מיין שכן, איך ערוואַך כאַלד און אין איין סעקונדע שטעה איך שוין ביים „טונעל". מיט אַ ציטערדינע שטימע פֿרעג איך וועגען די אורזאַכע און איך הער:

„וואָס איז ביי אייך, באַרדאַווסקי איז דאַ?"

„דאָ, שלאָפֿט מען", ענטפֿער איך.

„פֿרעגט, וואָס איז מיט קוניצקין, עפּעס אַ פֿערדעכטיגער קלאַפּ אין קאָרידאָר האָט אונז אויפֿגעוועקט".

איך לויף צום צווייטען שכן, גאָר דער בעהויפּטעט, אַז ער איז נישט געשלאָפֿען און האָט גאָר נישט געהערט. מיר בעשליסען נישט צו וועקען קוניצקין: „זאָל ער שלאָפֿען רוהיג".

מיר קומען צו דער איבערציינונג, אַז דעם שכן האָט איבערוועקט זיין איי־

זיטצונגען, אויף וועלכע עס איז געווען א דעלעגירטע פון די יודישע סעפאַראַטיסטען מיר האָבען אבער ניט געקענט קומען צו דער איבערציינונג, אַז אַנ׳אָרגאַניזאַטאָרישע אָדער וועלכע עס איז נויטווענדיגקייט זאָל בערעכטיגען די בעזונדערע עקזיסטענץ פון דער גרופע. מיר האָבען דעריבער ד׳ אַנערקענונג פון דיזער נייער נאַציאָנאַלער גרופע אָבגעלעהנט. נאַטירליך זענען מיר געווען דער מיינונג, אַז זיי וועלען צוריק אין די פּאַרטיי איינטרעטען און ארבייטען ווייטער צוזאַמען מיט די גאַליציאַנער גענאָסען, דער פֿערטרעטער פון דער גרופּע האָט אונז אָבער ערקלעהרט, אַז ניט קוקענדיג אויף אונזער בעשלוס, וועלען זיי זיך קאָנסטיטואירען אין אַ בעזונדערע אָרגאַניזאַציאָן. ניט לאַנג האָבען זיי זיך געווענדעט צו דער געזאַמט עקזעקוטיווע, אַז זיי ווילען אַפּעלירען צום פּאַרטיי־טאַג. געסטערן אָבער האָבען זייערע פֿערטרעטער ערקלעהרט, אַז זיי ציהען צוריק זייער פֿאָדערונג. עס בלייבט אַלזאָ ביים בעשלוס פון דער געזאַמטעקזעקוטיווע. זיי שטעהען ווי געווען אויסער דער עסטרייכישער פּאַרטיי. נאַכהער האָט ער אַרומגערעדט דעם וואַהלרעכטס קאַמפּף אין וויען און האָט פּאָלעמיזירט מיט די טשעכישע גענאָסען.

גענ. קאַרינעק לעגט פֿאָר אַ קאַססענבעריכט. פון געדרוקטען בעריכט זעהט איהר ווי אונזער קאַסע שטעהט. אויך פון אינזער הכנסה זעהט מען, אַז אונזער פּאַרטיי וואַקסט. פֿאַר צוויי יאָהרען איז די איינקינפֿט געווען 3700 קראָנען, היינט איז זי 4500. די געזאַמט עקזעקוטיווע האָט אויך דאָס מאָל געשטיצט די שוואַכערע אָרגאַניזאַציאָנען. עס זענען געשטיצט געוואָרען די סלאָווענישע און רוטהענישע אָרגאַניזאַציאָן.

גענ. זייטץ ערקלעהרט אין נאָמען פון דער קאָנטראָל, אַז זי האָט אַלעס געפינען אין אָרדנונג און בעאַנטראַגט דעריבער דער עקזעקוטיווע דאָס אבסאָלוטאָריום צו ערטהיילען.

די דיסקוסיאָן איז געווען אַ גרויסע און זעהר אַ הייסע. זי האָט זיך אָבער געדרעהט נור אַרום דעם איין פּונקט: וואָרום וויען האָט נאָך נישט דעמאָנסטרירט. די דיסקוסיאָן האָט ערטערוויז געמאַכט זעהר אַ שלעכטען איינדרוק. נאָך די צוויי אימפּאָנירענדע דעמאָנסטראַציאָנען אין פּראַג, פֿערשטעהען מיר אָביסעל דעם אונגערולד פון די טשעכישע גענאָסען.

(ענדע קומט)

# כראָניק.

## די סעפּאַראַטיסטען אויפ׳ן קאָנגרעס.

דער איינציגער הומאָריסטישער עפּיזאָד אויף דעם זאָנסט זאָ ערנסטען קאָנגרעס זיינען געווען אָהנע צווייפעל די סעפּאַראַטיסטען. זייט דעם 1־טען מאַי האָבען זיי געהאַלטען אין איין פֿערשפּרייטען קלאַנגען, אַז אַלע גרולים פון דער עסטרייכישער סאָצ. דעמאָקראַטיע — נאַטירליך אויסער פון גאַליציען — זייגען מיט זיי. אַנפֿאַנגס האָבען מיר געהערט, אַז דר. אַדלער האַלט מיט זיי, נאָך דער בעקאַנטער רעזאָלוציאָן פון דער געזאַמטע פּאַרטיי־עקזעקוטיווע, האָבען זיי די סימפּאַטיע איבערגעטראָגען אויף גענ. פֿערנערסטאָרפֿער. זיי זענען געפֿאָהרען קיין וויען און אויסגעריבען פיעל שוועלען און האָבען געבראַכט אהיים די נאַאיווע סעפּעראַטיסטישע ארבייטער פיעל האָפֿנונגען. ווער רעדט שוין פון דער סימפּאַטיע פון דעם בעקאַנטען באַלאַקאַן, וועלכער האָט זאָגאַר אָבגעדרוקט אין דעם ענין אַ בראָשור (פֿאַר וועמעס געלד ?), דער האָט געזאָלט ווי אַ לייב קעמפֿען אויף קאָנגרעס געגען דעב „טעררואָריזמוס“ פון די גאַליציאַנער סאָצ. דעמאָקראַטען. מיר האָבען אין דעם אַלעם ניט געגלויבט. אָבער, מיר זיינען זיך מודה ומתודה, מיר האָבען ניט ערוואַרטעט, אַז זייערע רייד, זייער אַרומקריכען און אַם ענדע זייערע פּאַשקווילען זאָלען האָבען אַזאַ שוואַכען אָבקלאַנג צווישען די גענאָסען פון אויסער גאַליציען. דעם באַלאַקאַן אפילו האָבען מיר אומזיסט געזוכט מיט ליכט, ער איז גאָר פשוט געלם געוואָרען. דעם גאַנצען נאָכמיטאָג זונטאָג און מאָנטאַג פֿריה זענען די סעפּאַראַטיסטען אומזיסט אַרומגעגאַנגען פון איינעם צום אַנדערן. קיינער האָט זיי ניט געוואָלט קענען. זעהענדיג, אַז די סעפּאַראַטיסטען פֿראַגע וועט אָבגעפֿערטיגט ווערען גאָר איינפֿאַך אין דער ווערי־פיקאַציאָנס קאָמיסיאָן, אַז זי וועט אַלזאָ גאָר ניט געשטעלט ווערען אויף דער טאָגעס אָרדנונג, האָבען זיך אונזערע סעפּעראַטיסטען „בכבור“ צוריקגעצויגען. און עס זענען נאָך דאָ אַזעלכע, וואָס ווילען איינרעדען, אַז קוראָפּאַטקין איז דער איינציגער העלד פון... צוריקציהען זיך. וועגען זייער בעריכט וועלען מיר רעדען אין נעכסטען נומער. דערווייל בעמערקען מיר נור, אַז פון זייער בעריכט קומט אויס, דאָס זיי האָבען ווייניגער אָרגאַניזירטע ארבייטער איצט, נאָך אַ 6 מאָנאַטליכע „איגטענזיווער ארבייט“ ווי זיי האָבען געהאַט (זעה: דער יודישער“ סאָצ. דעמאָקראַט 1־2) מיט 6 חדשים צוריק, אַלזאָ ווען זיי האָבען זיך נור וואָס פון אונז אבגעריסען... אַ פּראָוניק מוז ניט זיין אַ גוטער בעל חשבון...

## „איין אונערהערטעס פֿאַרגעהן!“

די סעפּאַראַטיסטען שרייבען: די געזאַמט־עקזעקוטיווע פון דער עסטרייכישער סאָצ. דעמ. האָט ביז היינט (27/10) נוך [illegible] פון אונזער עקזעקוטיווע קאָמיטע בנוגע אונזערע אָפּיציעלע אַנערקענונג דורכ׳ן געזאַמט פּאַרטיי טאָג. אויך האָט זי אונז נישט געשריבען, צו מיר זאָלען שיקען דעלעגאַטען אויף דעם פּאַרטיי־טאָג, צו וועלכען מיר האָבען דאָס רעכט נאָכ׳ן עסטרייכישען אָרגאַניזאַציאָנס שטאַטוט און אָרגאַניזאַציאָנס מאַטיווען־בעריכט פֿונ׳ם 1897 יאָהר. אויס דעם גרונד שיקען מיר

הערצליכע בילדער פון פריינד, וועלכע זענען אדמיניסטראַטיוו פֿערשיקט געוואָרען, געוועזען זענען זיי נישט ווענינ, זייערע הערצער האָבען אויך צוגלייך געשלאָגען מיט איפּאָפּפֿערונג, דער געדאַנק האָט אויך פֿייערינ געזוכט אַ וועג צו גליק פון די מענשהייט.

די בילדער פון מאַריע באָהושעוויטש, ראָזאַליע פּעלזענהאַרד, די שוועסטער און ברודער ראַזומעהטשיק, קרזשעמינסקי און פיעל, פיעל אַנדערע. געשטאָרבענע אין די געפֿענגניסען, אויף די סיבירישע עטאַפּען, נאָך וועלכע עס זענען נאָר בלויז אַסאַך קברים איבערגעבליבען...

זיי אַלע האָבען געליטען, ווייל זיי האָבען געליעבט, זיי האָבען געליעבט, ווייל זיי האָבען נישט געקענט נישט ליעבען. אין דיעזע ווערטער איז זייער קורצע היסטאָריע.

זיי האָבען נישט געקענט עסען, ווען די מענשהייט איז געשטאָרבען פון נויט, ווען אַרום זיי האָט געהערשט אונרעכט, אונגערעכטיגקייט, פֿינסטערניש — זיי האָבען נישט געקענט שלאָפֿען רוהיג.

פֿערנעמען זיך מיט פֿילאַנטראָפּיע האָבען זיי נישט געקענט, ווייל זיי האָבען פֿערשטאַנען, אַז זי קען נישט בעזייטיגען דעם גאַנצען אָצעאַן פון עלענד; זיי האָבען נישט געקענט זיך נאַרען, ווייל זיי האָבען פֿערשטאַנען, אַז פֿילאַנטראָפּיע, וועלענדיג געבען הילף אַ קליין הייפֿעלע, וועט אויסציהען דעם זאַפֿט פון די מאַסען און אַז די מאַסען קען נאָר העלפֿען בלויז די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן.

זיי האָבען פֿערשטאַנען, אַז זייערע קרעפֿטען זענען נישט גלייך בנוגע צו די קרעפֿטען פון די אונטערדריקער. זיי האָבען געוואוסט, אַז זיי וועלען פֿערלוירען געהן, נישט דערזעהענדיג קיין שיין פון דעם לאַנג געשטרעבטען טאָג, אָבער זיי האָבען געגלויבט אַז איבער זייערע טריטען וועלען אַדורך געהן נייע קעמפֿער וואָס אַמאָהל מעהר, וואָס אַמאָל מיט מעהר אַנהענגער און אויסזיכט אויף זיעג.

אום צו קויפֿען דיעזען זיעג, וואָסע׳ע שאַרענס קענען זיין צו גרויס, וואָסערע ליידען קענען זיין צו פֿירכטערליך?

* * *

עס איז נישט געווען לייכט צו שטאַרבען אונזערע חברים, נישט קליין איז געווען זייער קרבן, עס האָט זיך זיי געוואָלט לעבען און קעמפֿען.

די נישט זיכערהייט, וואָס דער מאָרגענדער טאָג וועט זיי ברענגען: דאָס לעבען אָדער טוידט — האָט צעריסען זייערע נערוועז.

נאָך אַ חודש אָפּוואַרטען, האָט זיך בעוויזען אויף די פּנים׳ער פון די פֿעראורטהיילטע אַ סטעמפּעל פון טוידט. די צייכענס האָבען זיך פֿערשאַרפֿט און עס האָט געשיינט, אַז אין די אויגען האָט דער טוידט זיך געבילדעט אַ נעסט. דיעזע אויגען האָבען אַזוי וואונדערליך געקיקט, אַזוי ווי דער געדאַנק פון דיעזע מענשען וואָלט שוין צוגעוואוינט געוואָרען צו דעם פינסטערן און קאַלטען קבר, נישט האָבענדיג נאָר קיין מנע ומשא מיט׳ן לעבען. צייטענווייז האָט געשיינט, אַז עס האָט זיך נאָך נישט אָפּגעקיהלט די זכרונות וועגען דעם אַנגעהויבענעם קאַמפּף פֿאַר דעם לעבען... אָבער אין קורצען וועלען זיי שוין אַריין געהן אין קבר און דאָרט.... וועט זיך צעררייסען דער באַנד, וואָס איינינט זיי מיט דעם לעבען, זיי האָבען ערפֿילט זייער פּפֿליכט און זיי געהן פֿרייוויליג אַוועק אין די אייביגע וועלט אַריין....

* * *

לאַנגזאַם האָט דך דערנעהנטערט דער פֿערצינסטער טאָג.

די טעג און נעכט זענען דורך געגאַנגען איינע נאָך די אַנדערע. די לעקציעס, שפּאַציער, לעזען, די געמיינשאַפֿטליכע געשפּרעכען יעדען אָבענד, דאָס זעהן זיך מיט די קרובים האָבען ערפֿילט אונזער לעבען אין געפֿענגנים.

געשריבען בריעף צו די חברים האָבען מיר אַלע צוזאַמען אויך יעדער בעזונדער צו דיעזע, וואָס האָבען זיך געפֿינען אויף די פֿריי, איינינע פון זיי זענען אַיבערדריקט געוואָרען, וואָס עס האָט זיך אין זיי אָבגעשלאָגען אַ העלער אָפּקלאַנג, וועלכען איך האָב בעשריבען.

(ענדע פֿאָלגט).

נעלונגען דאָס אַלטע עסטרייך צו דעמאָקראַטיזירען, וועט איינפאַלען די וואַנד, וואָס האָט אונז פאַרשטעלט די פרייהייט.

אָבער ניט נור אויס דיזע גרונדען סימפּאַטיזירען ‚מיר מיט איך, נור מיר סימפּאַטיזירען מיט דער עסטרייכישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע אַלס אַ אָני׳ארנאַניזאַציאָן פון אַלע נאַציאָנען אין דעם לאַנד. איהר האָט געמאַכט אַ גראָסעס ווערק. אין אַ לאַנד, וואו אכט נאַציאָנען לעבען בייזאַמען, וואָס ווערען געהעצט איינע אויף די אַנדערע, האָט איהר געבראַכט דערצו, אַז אין דער עסטרייכישער סאָצ. דעמאָקראַטיע אַרבייטען האַנד אין האַנד דייטשען און טשעכען, פּאָלאַקען און רוטהענער, איטאַליענער און סלאָווענער. איהר האָט עס פערשטאַנען, אַז יעדע נאַציאָן האָט איהרע בעזאנדערהייטען, אַז יעדעס פּראָלעטאַריאַט האָט זיינע נאַציאָנאַלע אייגענטימליכקייטען און אַז די טאַקטיק און בעשטרעבונגען קענען ניט האָבען איבעראַל די זעלבע פאָרמען, דעריבער זייט איהר אַזוי שטאַרק.

דאָס זעלבע, נור אין אַ קליינערען מאַסשטאַב, זענען אויך מיר. אויך מיר (פּ. פּ. ס.) זענען אַ פּאַרטיי פון פערשיעדענע נאַציאָנאַליטעטען. נעבען די פּוילישע אַרבייטער האָבען מיר די פּויליש־יודישע אַרבייטער, מיר האָבען ליטווינער, ביאַלאָרוסען, מיר האָבען זאָגאַר דייטשען אין אונזער אָרגאַניזאַציאָן. מיר שטעהען זייט אַ יאָהר אין קאַמפּף אויף לעבען און טויט אין גאַנצען זינען פון דעם וואָרט. מיר האָבען אין דעם יאָהר פינפמאָל אַנגעווענדעט דאָס קאַמפּפמיטעל איבער וועלכען איהר וועט יעטצט בעראַטהען: מיר האָבען פינפמאָל דעם מאַססענסטרייק דורכגעפיהרט און עס זענען שטענדיג 200.000 ביז 300.000 אַרבייטער אַרויס אויף די גאַסען און וואָכענלאַנג אויף די גאַסען געבליבען, כדי זייערע פּאָליטישע רעכט צו אויסקעמפּפען. איך זאָג עס ניט כדי צו דערוועקען אייער מיטלייד. אייער סימפּאַטיע האָבען מיר שוין. אייער פּרעסע האָט זיך געהאַלטען אַזוי סימפּאַטיש צו אונז, אַזוי אָביעקטיוו, אַז זי האָט געוועקט אונזער דאַנק און אונזער בעוואונדערונג. איהר האָט אונז אויך מאַטעריעלע הילף געגעבען און זי האָט אונז בעסער געהאָלפען ווי די פראַנצויזישע הלוואות דעם רוסישען דעספּאָטיזמוס (שטורמישער בראַוואָ).

נ ע נ. א ד ל ע ר האָט פאָרגעלעגט אַ רעזאָלוציאָן, אונטערגעשריבען פון: נענ. אדלער, דאַשינסקי, יאַראָשעוויטש, נעמ־ען, עמצין קריסטאַן און פּיסצעל, וועלכע דריקט אויס די סימפּאַטיע פון עסטרייכישען פּראָלעטאַריאַט דעם קעמפפענדען פּראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד: די רעזאָלוציאָן איז איינשטימיג אַנגענומען געוואָרען.

נ ע נ. ס ק אַ ר ע ט: די פראַנצויזישע סאָציאַליסטען לאַדען אונז איין אויף זייער פּאַרטיי טאַג אין שאַלאָנס. ער פּראָפּאָנירט צו שיקען אַ בעגריסונגס טעלעגראַם. (אַנגענומען).

נ ע נ. ס א ו ק ו פּ לעזט פאַר אַני׳ערקלערונג פון דער טשעכישע דעלעגאַציאָן, אַז צוליעב די וויכטיגקייט און אַקטואַליטעט פון דעם איצטיגען קאַמפּף אום דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט, לעגען זיי אָב די פאָדערונגען פון בעזונדערע געווערקשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָנען.

נ ע נ. ס ק אַ ר ע ט צום בעריכט פון דער געזאַמט־עקזעקוטיווע: איין בליק אויף די פאָרליעגענדע בעריכט צייגט אונז, אַז אונזער פּאַרטיי האָט אין די לעטצטע צוויי יאָהר סיי פּאָליטיש סיי געווערקשאַפטליך געמאַכט אויסערארדענטליך גרויסע פאָרטשריטען. מיר האָבען בעקומען מאַנדאַטען ביי די וואַהלען זאָגאַר אין פּריווילינירטע קוריען. ער דערמאַהנט ספּעציעל די גרויסע אַקציאָן וועלכע די פּאַרטיי האָט ענטוויקעלט פאַר די עלטער און אינוואַלידענזיכערונג. די איצטיגע רעגירונג האָט אָבער דאָס פּראָגראַם פון קערבערי אַראָבגעשטופּט און האָט עס אפילו ניט דערמאַהנט.

מיר האָבען איינגעפיהרט אַ ענדערונג ביי די שטימונג אין דער פּאַרטייעקזעקוטיווע. ווייל איהר מושב איז אין וויען, קענען ניט אַלע מאָל די פערטרעטער פון די אַנדערע נאַציאָנען זיין אין אַזאַ גרויסע צאָהל אין וויען ווי די דייטשע גענאָסען. כדי זיי ניט צו מאַיאָריזירען, האָבען מיר איינגעפיהרט, אַז יעדע נאַציאָן זאָל האָבען אַ בעשטימטע צאָהל פון שטימען. אין אַלע פאַלען אַלזאָ, וואו עס וועט ניט זיין קיין איינשטימיגקייט, וועט מען שטימען נאָך נאַציאָנען, דעריבער וועלען די דייטשען בעקומען פיער שטימען, די טשעכען דריי, די פּאָלאַקען צוויי, די רוטהענער, איטאַליענער און סלאָווענער צו איין שטימע. אויסער מיט דיזער פראַגע האָט זיך די פּאַרטיי־עקזעקוטיוו בעשעפטיגט מיט דער פראַגע פון צולאָזען אַ נייע גרופּע, דעם 1־טען מאַי 1905, אַלזאָ אין אַ טאָג, ווען די גאַנצע אַרבייטערשאַפט פייערט איהר פערברידערונג, האָט אַ געוויסע צאָהל מענשען געפונען פאַר נויטהיג זיך אָבטהיילען פון דער פּוילישער סאָצ. דעמ. פּאַרטיי אין גאַליציען. זיי האָבען זיך געווענדעט צו אונז און האָבען פערלאַנגט מיר זאָלען זיי אַנערקענען אַלס נאַציאָנאַלע גרופּע. די געזאַמט עקזעקוטיווע האָט זיך דערמיט בעשעפטיגט אין צוויי

---

טוידטעס אורטהייל פון מיקאַליי לורי, דעם קאַפּיטאַן פון אינזשינעריע, וועלכער האָט נאָר בלויז סימפּאַטיזירט מיט אונזער פּאַרטיי און האָט נאָר געלייסטעט דער פּאַרטיי געלד הילף. הורקאַ האָט זיך נוקם געווען אַן איהם אויך פאַר׳ן עס פערטרויאונג, וואָס ער האָט געהאַט אין איהם, געבענדיג איהם די פיהרונג פון די ספּאַרטען ביי נעבען די מאַדלינער פעסטונג, האָטש, עס פערשטעהט זיך, אַז קיינע פּאַרטאַפיקאַציע האָט ער נישט צערשטערט.

מיט לודוויג וואַרינסקי האָב איך מיך נאָר געטראָפען אין די געפענגניסען, דאָס ערשטע מאָל אין די קראַקויער געפענגנים און דאָס צווייטע מאָל אין X פּאַוויליאָן.

דער קראַקויער פּראָצעס האָט געטראָגען דעם נאָמען „לודוויג וואַרינסקי מיט 34 מיט שולדיגע״, דער שוואורגעריכט האָט אונז אַלע פאַר אינשולדיג ערקלעהרט ביי אַ גרויסעס צוזאַמענקליבענעס פּובליקום, וועלכעס האָט אונז מיט עהרענדע אַפּלאַדיסמענטען בעגריסט.

יעצט האָבען מיר זיך ווידער אויף די אַנקלאַגע באַנק צוזאַמענגעטראָפען אין וואַרשאַ.

לודוויג איז געווען דער הויפּטפיהרער פון דער בעוועגונג אין פּוילען, ער האָט זיך דערשלאָגען צורעס! שטאַנד אַלס אַ פעהיגער אָרגאַניזאַטאָר און רעדנער; איןביידע פּראָצעסען איז וואַרינסקי געווען דער רעדנער פון די אַנגעקלאַגטע.

וואַרינסקי׳ס נאַטור האָט בלויז געקענט געפינען דיעועס ברייטע פעלד פאַר זיין מעכטיגע ענערגיע, די רעוואָלוציאָן איז געווען זיין לעבען, מיט איהר האָט ער בלויז געלעבט.

אין געפענגניס איז ער געווען גלייכגילטיג. אויף׳ן געריכט האָט ער אויפגעלעבט, יעצט אויף אונזערע פערזאַמלונגען האָט ער אויך נישט איינמאָל געהאַלטען רעדען, וואָס זענען געווען פול מיט בעגייסטערונג. איבערהויפּט איז ער געווען בעטריבט ווי אַן אָדלער אין אַ שטייג, עס האָט געשיינט, אַז אויף דעם קוק פון די פיינד האָט זיך איהם אַרויסגעריסען אַ שרעקליכער צאָרן, דאַמאָלס האָט געשיינט, אַז פון זיינע אויגען שיטען זיך פונקען, די הענקערס קנעכט האָבען זיך אָפּגערוקט מיט בעשטירצונג פאַר דעם גייסט פון דעם געפאַנגענעם, אַם מעהרסטען טהייל איז ער געלעגען אויף׳ן בעט אין שטילשווייגען, פערוואָרפענדיג די הענד אונטערן קאָפּף, זעלטען און ווייניג האָט ער גערעדט, האָטש עס האָט געשיינט, אַז מיט פערגעניגען גריסט ער די חברים, וועלכע זענען געקומען מיט איהם צו רעדען, איך האָב ליעב געהאַט זיין געלעכטער, ער איז געווען אַזאַ הערצליכער, בענוי ווי קינדיש....

אַלע אונזערע בעמיהונגען, אום אַרויס צורייסען לודוויק׳ען פון זיין מעלאַנכאָליע האָבען זיך געענדיגט מיט דעם, אַז ער האָט אויפגעלעבט אַ ווײַלע אין די געגענוואַרט פון די חברים און נאָכדעם, בלייבענדיג אַליין האָט ער זיך אויפסנייבעטריבט און האָט ווייטער אויסגעזעהען ווי אַ אָדלער אין אַ שטייג, אויף וועלכען קיינער קוקט נישט. עס האָט געשיינט, אַז ער איז ערגעץ ווייט.... מעגליך מיט דעם געדאַנק שיעבט ער אין אַ ווייטען רוים... און מעגליך... ער וויל פליגלען ביילדען און מיט דעם דונער פון העלען הימעל צערקלאַפּען דעם פיינד מיט די ברוסט, אָבער פון זיין רוהיגען פּנים האָט מען גאָר נישט געקענט אויסלעזען, אויסער דאָס, אַז ער שטאַרבט אין געפאַנגשאַפט.

דער שטילער און איינפאַכער לודוויג יאַנאָוויטש איז געווען אַ ווייניג רעדנער, אין זיינע ווערטער איז דאָס געשטאַלט און דאָס בענעהן זיך געווען אַזוי פול מיט ליעבע אין אויפאָפּפערונג, אַז זאָגאַר די זשאַנדאַרמען האָבען געשפּירט זיין צויבער.

זיין נאַטור איז געווען אַדורך און אַדורך אַלטרואיסטיש.

אַזעלכע מענשען ווי יאַנאָוויטש ווערען געבוירען אַזוי ווי אויף דעם, אום די נעבען מענשען זאָלען וויסען צו וואָסערע מאָראַלישע הויכקייט קען זיך די מענשהייט אויפהייבען.

יאַנאָוויטש איז געווען מעהר אַ כריסטוס ווי אַ רעוואָלוציאָנער.

מיט נישט קיין לוסט איבערריים איך יעצט די ביילויפיגע כאַראַקטעריסטיק פון די חברים אויף די אַנקלאַגע באַנק. מיט דער צייט וועלען פון דער היסטאָריע פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג אַרויסשווימען זייערע טהייערע בילדער.

אויסער דיעזע חברים מיט וועלכע עס האָט מיך געאיינינט נישט בלויז די אידעע, נאָר דער געריכטסזאַל, עס שטעהן אויך אויף צוגלייך אין מיין זכרון

נור וועניג דעלעגאַטען, ווארום מיר ווילען ניט בחנם געלד ארויס וואַרפען אויף די קאסטען פון אַ אַרבייטער אָרגאַניזאַציע!״

מיר זענען בעפאָלמעכטיגט צו בעהויפטען, אַז עס איז פון אַ ביז ת׳ שקר וכזב. דער סעקרעטער פון דער עסטרייכישער סאָצ. דעמ. געג. סקאַרעט האַט געענטפערט די סעפּאַראַטיסטען אַז לויט דעם בעשלוס פון דער עסטרייכישער סאָצ. דעמ. עקזעקוטיווע שטעהען זיי אויסער דער פאַרטיי און זענען מיט׳ן קאָנגרעס קיין מחותנים ניט. ער האָט נור בעגאַנגען דעם פעהלער, ווי עס האָט מיט רעכט בעמערקט איין וויענער געג., וואָס ער האָט דעם בריעף ניט רעקאָמאַנדירט. ער האָט ניט געוואוסט מיט וועמען ער האָט צו טהון...

## די גענאסען פון פשעמישל

מאַכען מיר אויפמערקזאַם אויף די נידערטרעכטיגע קאָרעספּאָדענץ, אין דער סעפּאַראַטיסטישער צייטונג, פול מיט פערלוימדונגען אויף דער פאַרטיי אין פשעמישל, אונטערגעשריעבען פון אַ געוויסען ד. וואַרף.

## דעמאַנסטראַציאָנס־פערזאַמלונגען

האָבען שטאַטגעפונדען היינטיגען זונטאָג אין אַלע גרעסערע שטעדט פון עסטרייך. אין וויען האָט די צאָהל פון די דעמאָנסטראַנטען דערגרייכט הונדערט טויזענד, אין פּראַג איז געקומען צו צוזאַמענשטויסונגען צווישען די אַרבייטער און דער פּאָליציי. די אַרבייטער האָבען זיך מוטהיג פערטהיידיגט, דער פּאָליציי זענען געקומען צו הילף זשאַנדאַרמען און דריי באַטאַליאָנען זעלנער. עס זענען דאָ צוויי געטויטע, עטליכע צעהנדליג שווער פערוואונדעטע און ביז 200 לייכטע. אין עטליכע ערטער האָבען די אַרבייטער געבויט באַריקאַדען, וועלכע אַרטילעריע האָט געמוזט איינגעהמען. אין לעמבערג איז מאָנטאָג אין דער דעמאָנסטראַציאָן געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס, אין וועלכען געג. ווייגפעלד, פיש און נאָך איינינע גענאָסען זענען לייכט פערוואונדעט געוואָרען. אין קאָלאָמיע האָבען די זשאַנדאַרמען געשמידט אין קייטען דעם געג. הערער מיט נאָך פיער גענאָסען. דאָ אין קראַקוי האָט זיך די דעמאָנסטראַציאָן נאָך געענדיגט אָם בעסטען. געליטען האָט דאָ די פּאָליציי אין דער פּערזאָן פון דריי קאָמיסער. איינער פון זיי דר. טאָמאַשיק האָט בעקומען גאָר נישט קשה׳דיגע קלעפ, ווען ער האָט געוואָלט אָוועקנעהמען די גרויסע רויטע פאָהן. נאַטירליך האָט די בורזשואַזע פּרעסע געמאַכט אַ ליאַרם איבער דעם „טעראָר״ פון די סאָציאַליסטען, עס איז געקומען ספּעציעל צו פאָרען דער שטאַטהאַלטער און 55 סטאַנציקען האָבען שוין אָנגעפרענט די רעגירונג, וואָס זי רעכענט צו טהון, כדי צו זיכערן די זיכערהייט פון די „בירגער״ (אַ שטיינער ווי אימיצער האָט די „בירנער״ געבעטען קומען אויף די פערזאַמלונג און נאָכהער פּראָוואָצירען די דעמאָנסטראַנטען). ניט לאַנג, ווען די פּאָליציי האָט אין אַ ברוטאַלען אופן מיט די שווערדען צושלאָגען פיעל ארבייטער האָבען די סטאַנציקען גאָר ניט געהאַט דאַגענען. אַ פּנים ביי די סטאַנציקען הויבט זיך אַ בירגער ערשט אָן פון אַ פּאָליציאַנט...

---

# די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אין רוסלאַנד און אין רוסיש־פּוילען.

### אַ קאָנטער רעוואָלוציאָן – פּאָגראָמען.

די צאַרישע רעגירונג איז שוין אויבען געבראָכען, דער צאַר האָט שוין קאַפּיטולירט פאַר די רעוואָלוציאָן, ער רופט זיך נאָך אַלץ „זעלבסט הערשער״, אָבער פאַקטיש איז שוין אין רוסלאַנד קיין זעלבסט הערשער ניטאָ. אָבער די ביוראָ־קראַטיע אונטען האָט נאָך ניט קאַפּיטולירט. זי קעמפפט נאָך ווייטער אום איהר עקזיסטענץ, און זי קעמפפט מיט פערצווייפלונג. מיט איהרע אַלע אַלטע מיטלען — זי אָרגאַניזירט אַ קאָנטער רעוואָלוציאָן, און יעצט זעהען מיר די צווייטע זייט פון דער רוסישער רעוואָלוציאָן, דאָס ראַנגלען זיך פון די וואָס זענען ביז איצט געשטאַנען ביי דער רעגירונג און וועלכע זיי מוזען איצט פערלאָזען. אַלס אַ מאַטעריאַל בענוצט זי דעם פעבעל, די אויסוואורפען פון דער שטעדטישער בעפעלקערונג. זי רייצט זיי אָן נאַטירליך אויף יודען, סאָציאַליסטען און סטודענטען. און מיר לעבען איצט איבער גרויליכע פּאָגראָמען, וועלכע דערמאַהנען אונז גאָר די אַלטע צייטען. אין אָדעס, קיעוו, מינסק, איוואַנאָוואָ וואָזניעסענסק און פיעל אַנדערע שטעדט (אין טיעף רוסלאַנד) גיעסט זיך יודיש בלוט ווי וואַסער, פאַלען אינטעלינענטען און סאָציאַליסטען אונטער דעם מעסער פון די צאַרישע „שוואַרצע חברות״. און אַ צווייפלונג וואָלט זיך געקענט אריינגנב׳ענען אין אונזערע הערצער ווען ניט די עטליכע ליכטיגע שטראַהלען וואָס שיינען זאָגאַר פון דעם גיהנום. אַלזאָ אין גאַנץ קרוין פּוילען און ליטא (אין מינסק איז געווען אַ צוזאַמענשטויס מיט׳ן מיליטער) וואו די אַרבייטער בעוועגונג איז שטאַרק האָט די פּאָליציי גאָר ניט געקענט מאַכען. אין וואַרשא האָט מען עטליכע פּאָליציי־פּראָוואָקאַטאָרען, וואָס האָבען געוואָלט אַרויסרופען פּאָגראָמען, אויפגעהאָנגען. ווייטער אין אָדעס האָבען די אַרבייטער געקעמפפט ווי לייבען געגען די חוליגאַנעס און זענען געפאַלען אונטער די קוילען פון די זעלנער. די צוויי פאַקטען ציינען אונז נאָך אַמאָל, ווי פיין, ווי אידעאַליש, זענען די שטרעבונגען פון די אָרגאַניזירטע אַרבייטער אין רוסלאַנד. דער הימעל פון אונזערע ברידער אין רוסלאַנד איז איצט פערוואָלקענט, אָבער באַלד, באַלד וועט זיך שוין אַרויסרוקען די זון. עס איז נאָך כדאַי צו דערמאָהנען, אַז מאַקסים גאָרקי האָט אַרויסגעגעבען אַן׳אויפרוף מיט דעם טיטעל „איך פּראָטעסטיר״, אין וועלכען ער רופט די רוסישע אינטעליגענץ צו טהון וואָס אין איהר מעגליכקייט איז געגען די ווילדע הריגות. קיין איינצעלהייטען האָבען מיר נאָך איצט ניט. מען ווייס נאָך דעריבער ניט ווי גרויס דער חיזק איז אין דמים און ממון פון די פּאָגראָמען. מיר מיינען, אַז פּראָטעסט פערזאַמלונגען זענען איצט ווי קיינמאָל ביזהער וויכטיג, ווייל יעטצט קען די עפענטליכע מיינונג דעם צאַראַט פיעל מעהר שאַדען ווי מיט אַ צייט צוריק. נאַטירליך מוזען זיי זיין אונפּאַרטייאיש.

## פינלאַנד האָט אָבגעוואונען איהר אויטאָנאָמיע.

זעקס יאָהר האָט געדויערט די נייע פּאָליטיק פון דער צאַרישער רעגירונג בנוגע צו פינלאַנד. פון דעם בעריהמטען פעברואַר־מאַניפעסט אין 1899 האָט מען ביי די פינלענדער אָבגענומען איין רעכט נאָך דעם צווייטען ביז עס איז זיי שוין כמעט גאָר ניט געבליבען. די פינלענדישע בעאַמטען, האָבען זיך אַנפאַנגס געשטעלט געגען די צאַרישע געוואַלדטהאַטען, ענדליך אָבער האָבען זיי זיך אונטערגעגעבען. דער וואָרים פון קאָרופּציאָן און דע־מאָראַליזירען האָט זיך שוין איינגעגעסען אין זייער אָרגאַניזמוס. דאָס פאָלק איז אָבער געבליבען אין קאַמפּף געגען דער רעגירונג. און איצט ניט לאַנג, ווען דאָס אַרבייטער פאָלק פון גאַנץ רוסלאַנד איז אויפגעשטאַנען געגען דער צאַרישער רעגירונג, איז אויך דאָס פינלענדישע פאָלק ניט שטעהען געבליבען. ענדליך האָט די רוסישע רעגירונג קאַפּיטולירט. אין אַ ספּעציעלען מאַניפעסט צו דעם „ליעבען פינלענדישען פאָלק״ שאַפט דער צאַר אָב אַלע אוקאַזען געגען דער פינלענדישער קאָנסטיטוציאָן פון 1899־טען יאָהר אָן. פינלאַנד האָט אַלזאָ אָבגעוואונען איהר אויטאָנאָמיע. מערקווירדיג איז דערביי, וואָס דאָס פאָלק האָט געפאָדערט די דימיסיאָן פון דעם סענאַט, ווייל ער האָט שוין ניט זיין צוטרויען און דאָס אַלגעמיינע וואַהל רעכט אין סעים. דאָס ערקלעהרט זיך דערמיט, ווייל די אַרבייטער האָבען אין דעם קאַמפּף פאַר די קאָנסטיטוציאָן געשפּיעלט די הויפּט ראָליע. אויך די צוויי פאָדערונגען זענען ערפילט געוואָרען.

צו פינלאַנד וועט דעם צאַר אַזוי לייכט פערגעסען זיין זעקס יעהריגע פּאָליטיק איז אַן׳אַנדער פראַגע.

## אַ סאָציאַליסטישע טעגליכע צייטונג אין דאָמבראָווא.

אונזערע גענאָסען אין רוסיש־פּוילען האָבען גלייך אויסגענוצט די פּרעסע־פרייהייט, וועלכע דער נייער מאַניפעסט פון צאַר זיכערט. זיי האָבען אָנגעפאַנגען אַרויסגעבען אַ טעגליכע צייטונג „גורניק״, וועלכע איז פריהער געדרוקט געוואָרען געהיים. מיר לעזען דאָרט אַרטיקלען וועלכע מען וואָלט אין עסטרייך קאָנפיסקירט. מען דרוקט דאָרט אויך פראַנק און פריי אויפרופען צו די יודישע אַרבייטער אין זשאַרנאָוו. די אַרבייטער אין סאָסנאָוויץ האָבען איצט פיעל מעהר פרייהייט ווי זייערע ברידער אויף יענער זייט גרענעץ — אין פּרייסיש־פּוילען.

## Wydawnictwa Spółki nakładowej „Książka“.

***Blos Wilhelm.** Rewolucya Francuska. Z 2 rycinami. Dwa tomy. (Na cienkim papierze 2 tomy w jednym). Cena 12 koron.

***Feldman W.** O Rosyi. Cena 1 korona.

***Informator.** Stronnictwa polityczne w Królestwie Polskiem Cena 2 korony.

**Kalthoff Albert.** Światopogląd religijny. (Treść: Przedmowa. Wstęp. — Nieskończoność świata. — Zachowanie siły. — Teorya rozwoju. — Pochodzenie wiary w Boga. — Treść wiary w Boga. — Modlitwa. — Stary i nowy człowiek. — Wiara i wiedza. — Wiara i jednostka. — Wiara i życie. — Prawo dziedziczności. — Prawo przystosowania. — Idealizm. — Ideał i życie. — Ideał jednostki. — Ideał społeczny. — Ideał religijny. — Wspólnota religijna. — Kult religijny. — Biblia. — Nauka religii. — Religijne wychowanie młodzieży. — Symbole religijne. — Religia a klechy. — Rzut oka wstecz). Cena 3 korony 20 halerzy.

***Kasprowicz Jan.** Chrystus. Poemat społeczno-religijny. Cena 3 korony w oprawie.

***Mańkowski Mieczysław.** U stóp szubienicy. Urywek ze wspomnień więziennych „proletaryatczyka“. Cena 60 halerzy.

***Marks-Engels-Liebknecht.** Odbudowanie Polski. (Zbiór artykułów o kwestyi polskiej.) Cena 2 korony.

***Narkiewicz-Jodko i Szymon Dyksztajn.** Polski Socyalizm Utopijny na emigracyi. (Dwie rozprawy). Cena 1 kor. 20 hal.

**Orkan Władysław.** Herkules nowożytny i inne wesołe rzeczy. (Zbiór nowel). Cena 2 korony.

**Orkan Władysław.** Ofiara. Fragment w 3 aktach z 1846 r. Cena 1 korona 50 halerzy.

**Orkan Władysław.** Wina i Kara. Tragedya w 3-ech aktach. Cena 2 kor.

***Płochocki Leon.** Rosyjskie partye polityczne i ich stosunek do sprawy polskiej. (Treść: Przedmowa. — 1881 — 1903. Rosyjskie stronnictwa polityczne w przededniu wojny. — Stronnictwa rosyjskie wobec sprawy polskiej. — Dodatki). Cena 3 korony.

***Stepniak S.** Losy nihilisty. Romans. Z przedmową Jerzego Brandesa. Cena 6 koron.

**Verhaeren E.** Jutrznie. Dramat społeczny. Przekład Maryi Markowskiej. Cena 2 korony.

* * *

***Gierszyński Henryk dr.** Emigracya i Skarb narodowy. Cena 20 halerzy.

***Luśnia Michał.** Jak się narody rządzą? (Wydawnictwo Związku Postępowej Młodzieży Polskiej z funduszu imienia H. Bukowskiego). Cena 60 halerzy.

***Plechanow.** Anarchyzm i socyalizm. Cena 2 koron 60 hal.

***Rocznik Związku Postępowej Młodzieży Polskiej.** Rocznik I. 1905. Cena 1 korona.

**Rops F.** Porządek panuje w Warszawie. (Wspaniała heliograwura). Cena 7 koron 50 halerzy.

***Zmowa powszechna przeciw rządowi.** (Wydawnictwo Ludowego Koła Oświaty). Cena 30 hal.

Wydawnictwa, oznaczone gwiazdką (*) nabywać można również na specyalnym cienkim papierze).

**Do nabycia we wszystkich księgarniach.**

## Pod prasą i wkrótce wyjdą.

**Jaeckh G.** Historya Międzynarodowego Stowarzyszenia Robotników.

**Promus C.** Powstanie chrześciaństwa.

**Wasilewski Leon.** Rządy konstytucyjne w Zachodnie Europie i Ameryce.







Wydawca odpowiedzialny redaktor **Ignacy Gross**. Z drukarni Józefa Fischera w Krakowie.